# ווען דו ביסט גאָט

פֿון

## א. נ. שטענצל



ס'איז אנ'אפגרונד מיין הארץ,
א פארבן-לאזער טיפער אפגרונד,
איך לאז מיך אין זיינע טיפענישן
מיט מסרת־נפש,
אין זיינע טיפסטע טיפענישן,
און רייס קאראלען דארט,
רייס קאראלען,
אוןווארף אין וועלט זיי אריין . . .
הפקר!
הפקר!
גרויסע, רויטע קאראלען!
הפקר!
הפקר!
קומטזשע קלויבן
גרויסע, רויטע קאראלען!
ציהט אייך שנירלעך,
און ציהט א שנירל אויך פאר מיר,
א קליינטשיק, קליינטשיק שנירעלע . . .
הפקר!
הפקר!

ס'איז אנ'אפגרונד מיין הארץ;
א קאראלען־פארצווייגטער,
א קאראלען־פארוואורצלטער — —

ציהט א שנירל אויף פאר מיר !
איך מוז מיט מיינע געשארפטע מעסערס
ווידער נידערן,
ווידער נידערן . . .

מיט צופלאטערטע צוויי דארע הענד
אריינצוגראטשן אין אלץ וואס פלייש איז,
צו געהן אזוי מיט פארגלייזטע אויגן
אויף א זוינס וואס איהר רופט קרייץ —

מענשן,
אזוי געה איך צווישן אייך
אין מיטן פאטשער־קאראהאד
מיט צוויי געפּנטע
שטילע אויגן
בלוי געפארבט אין „טויזענד-און-איין-נאכט..."

מענשן,
אזוי געה איך צווישן אייך,
איך בין א פייקלער,
דער פארמעט פון מיין פייקל איז דורכגעריסן, —
פויקט עס אין מיר,
פויקט עס אין מיר — —

איך האב אויף א שאלאמיי,
אין א מאדנעם בין־השמשות
פייפען געלערנט —
מיין מיידל איז א שווארצע געוועזן,
א ווילדע,
יעטוועדעס הערל איהרס באזונדר געקרייזלט,

און געקושט האט זי מיט ציין! — —
צווישן א שטיל ביינאנד געטוליעטע סטאדא
אויף יענע זייט בארג
פלעגט זי זיצן דארט,
צוגיסן אין גרויע פארנאכט־וועלן
א צוזאמגעשנירלט פאסטאכקע־הארץ — —

קום איך צווישן אייך
מיט א צעריסן פארמעט־פייקל
און א ווייס געשניצטן שאלאמיי —
צווישן ווילדע פאטשער־טענצר
מיט א ווייס געשניצטן שאלאמיי — —

אויף אלע פיר אויסגעצויגן
ליגט מיין כארכלנדיגע שוואכקייט אין מיר,
א געבונדענע
און שרייט:
גאט, גאט —

און דו שוימסט אין מיינע ביינער,
ווייסער ווייַן אין ווייסע בעכערס — —

גאט, גאט,
געבונדענע שוואכקייט אין מיר
מיט אויסגעשטרעקטן ווייסן האלז . . .
מיט אויסגעשטרעקטע ווייסע גלידער . . .

שיק איך מיין תפילה צו בלוין הימל
צו ריינם הימל:
דו, וואס האסט אזויפיל בלוי,
דו, וואס האסט אזופיל ריין,
אלמאכטיגער!
וואס פאר איין אטעם דיינם
איז דער גאנצר גרוי גאר נישט געווארן
צו גאר נישט,
און ווי קיינמאל גאר נישט געוועןֿ —
שענק א טראפן בלוי מיר,
שענק א נויקיץ ריין מיר,
אלמאכטיגער
לאז מיך אין אטעם דיינם —
נעבל צורינן,
קיינמאל, קיינמאל גאר נישט
און קיינמאל גאר נישט געוועןֿ...

פון אלע טיפענישן,
פארבארגענישן
און היילן צוגראבענע אין מיר,
פליסטערט מיין שווייגן צו דיר,
צו דיר, וואס כ'אהן דיך נאר בלויז,
וואס מיין צוגליווערטע שטילקייט
איז תופס דיין אטעם נאר.
און ווען ס'גרעניצט טאג און נאכט אין מיר
און אויפן זוים פון הארצן מיינם
פארלאשענעם
צובליט א מארגן־שטערן,
פאלט מיין שווייגן פאר דיר:
בלוט און פלייש זענען מיר דאך — —
— — — — — — — — — — —

אשעה וועט דאך אויך זיין נאך די שעה,
און א דריטע וועט דאך קומען
אוןביידע פארמעקן — —

וואו זענען די לוחות,
וואס שעהן קריצן זיך אויף זיי? —

און בלייבן דען ריסן אין חלול
פון א צוווייטיקטן שלאכץ?
און אז א נשמה וועט אויסגעהויכט,
בלייבט דער הימל דען
נישט לויטר ווי געווען?

נאך וואס נאך שרייען „לישועתך קויתי —"
ווען כ׳קאן די זיילן פון וועלט נישט אונטערברעכן?

א, לישועתך קויתי!
לישועתך קויתי — —
— — — — — — — — — — —

אין ווייסן שוואנען־לאנד,
מיט א אויסגעגלאצטן שוואנען־האלז,
פליה איך, מיין לעצטן
„ברכו את אדוני! . . .“
אויסבלעזלן —
לאזן ציטערדיגע רעדלך
א רגע נאך מיר . . .

אין ווייסן שוואנען־לאנד
וועט שטארבן מיין לעצטע תפילה,
מיין ערשטע תפילה מיט מיר —
צובלעזלט אין מיין מארך,
אין מיינע בלוטן צורעדלט;
אין יעטוועדן טראפן באזונדר!

אין ווייסן שוואנען־לאנד
וועט בלייבן מיין תפילה א הענגעדיגע —
ווייסר הויך
אויף ווייסע הימלן . . .

און קיין הימל איבער מיר — —
אין אויג קיין בליק נישט מעהר.

פאלט מיין אויסגעלאשענע חרטה
מיר צופיסענס א פארשעמטע,
פאלט זי, פאלט זי
אין אונענדליכע תהומות
פון זינד, פון חרטה
און פון זינדיגע חרטה

און קיין הימל איבער מיר — —

הויבט מיין האנד זיך,
הילכט א ברוסט אפ, א פוסטע . . .

ס'איז מיין הארץ א צופיצילטס,
א צוטיילטס
ווי מיין אויגן־גלאנץ . . .

און איבער מיין זרע
האבן זיך זונות צושלאגן,
צוטראמפלט ליגן מיינע רויגן
אונטער טמאה־פיס

און מיינע אייגענע

און קיין ערד אונטער מיר — —

פאַל איך צוזאַמען
אין מיין תשובה, די לעצטע,
פאַל איך, פאַל איך — —
— — — — — — — — — — —

איך פאל אין שטויב פון מיין זינד פאר דיר —
גאָט!
מוז איך שטאַרבן אין מיין זינד?
איז א חרטה־לעבן נישט גרויזאמער ווי טויט?

איך פאל אין קבר פון מיין חטא;
שלאנגן פון אייביגע תשובה
עסן די אויגן מיר אויס,
צופרעסן מיין יאוש־הארץ איז שטיקער!

גאָט,
איך פראל מיין הארץ דיר אויף!
זעה:
א נעסט פול גיפטיגע שלאנגן־אייער — —

איז אַ חרטה־לעבן נישט גרויזאמער ווי טויט!

דו,
וואס צאהלסט ביז'ן פירדן דור —
טייל מיין לעבן אין דורות פיער,
טייל מיין לעבן אין טויטן פיער —
איך פאל אין שטויב פון מיין זינד פאר דיר!

לאז מיך לעבן אין מיין חרטה,
איז מיין לעבן נישט גרויזאמר פון גססות פיער?
גאָט — —

אזא בלויע נאכט,
אזא צופלאסענע נאכט!
און אין וועלכע אויגן ליגט מיין בלוי,
אין וועמענס ארעמס
שטערנט מיין נאכט
שפע צופלאסן? — —

מיין נאכט,
מיין נאכט,
וואו רוהט דער לעצטער פלאטער איהרער? . . .

## XI

וואו אנקערן?
אז כ׳האב מורא פאר פעלזען,
אז כ׳האב מורא פאר וועלען,
און מיין זעגעל איז געלעכערט — —

צוויי שווארץ פארלאשנע טהרה־ליכט,
שטעקן מיינע רודערס
אין שווארץ צעווילדעוויטן וועלן־געווירבל,
און מיין שיפל וואקלט און וואקלט.

וואו, וואו?
אז כ׳בין איינער, איינער,
פון שווארץ צופאטעלטע ים־הינד א געיאגטער,
פון ווילד צושוימטע ים־הינד א געהעצטער,

וואו, וואו?
אז נאר פינסטערניש און פינסטערניש,
אז נאר פינסטערניש און פינסטערניש!

וואו, וואו?
אז — —
אז — —

פאטא מארגאנאס אין מיינע צוגליטע מדבריות;
איך בין א וואנדרער, א בלינדער,
וואס זיין דארשט איז שוין אויסגעטרוקענט — —

העי קאראוואן!
העי קאראוואז!
טרייבט ווייטער, יאגט ווייטער,
איך בין צורינען אויף מייז וועג צום גרויסן גאר־נישט

ווערט מיין הארץ מיט תפלה פול,
פאר וועם זאל עס צוגאסן ווערן?
און מיין גאל —
וועם זאל איך זי איז פנים שפייען?

א, זינד!
הערשערין פון אלע חושים מיינע;
וואש דיינע פיס
אין מיין צוגאסן תפלה־הארץ,
ס׳ליגט צופיסענס דיר א צוגאסנס! — —

דיר צופיסענס, א זינד,
צוטרעטן אין דיין פארזשאווערט קופערנעם בעקן,
און מיין גאל —
וועם זאל איך אין פנים שפייען?



איינגעטוליעט מיר צופיסענס
אויף מיין קאלטן שטילן שאטן
פאל איך —
און וויין מיין מידקייט אויס,
און גיס מיין ביטערקייט אויס . . .

אזוי טריף איך אויס מיין שטומן טרויער
אין איינזאמע מנוחה־שעהן — —

און אזוי:
צוגעטוליען צו מיין שאטן,
מיט גרויס געעפענטע שעפסן־אויגן,
טרעפט א שטילע שטערן־נאכט
א בענקענדיגען מיך ליגן — —

א זוי
א שטום געבונדענעם שעפס,
א ווארטענדיגן — — —
— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

— — און דאך וויל איך לעבן,
און דאך וויל איך שווייגן,
און — ווי אנ׳אלטער אין הייסן זאמד —
אויף שטומע פארנאכט־הימלן
מיינע באלאדענע בליקן צייכנען — —

ווי אנ׳אלטער אויף זיין פעסטן שטעקן,
אנגעלענט אויף מיינע דארע בליקן
ווארטן,
ווארטן,
ביז די נאכט וועט מיין גורל פארשיטן,
מיין שווער באלאדענעם
אויסגעדארטן טאג,
און דאן,
און דאן —
אויף א לעצט געבליבענעם שטומען בליק
לייגן מיין מידן שטערען . . .



איז דאך גאט פול אין אלע גאסן,
און ווען ער איז נישטא —
טראגן מיר איהם דאך
ביז שפיצן פינגער,

קום,
וועלן מיר שפאלטן פלייש אין פלייש,
וועלן מיר שפאלטן הימלען אין הימלען — —
— — — — — — — — — — —

איז דאך גאט פול אין אלע גאסן!

קום,
ברעכן מיר ארעמס אויף,
ביז די הערצער אויפברעכן! —
און זיך פאלן אין די הערצער!

האקן פון הערצער,
פלעכטן פון הערצער
איינעם,
איינעם!

איז דאך גאט פול אין אלע גאסן — —

. . . און פון אלעם — —
און איך בין געבליבן ביי מיר,

און אין מיר איז גאט נישטא,
און אין מיר איז ליבע נישטא — —

צוויי פויסטן האב איך נאך —
א הארץ קאן צעריבן ווערן,
א קאפ גלאצט צווישן פויסטן . . .

האט א דונער אין בוים געטראפן,

מיין נשמה איז א צווייגעלע,
אויפ'ן צווייגעלע איז א גאלדי פייגעלע געשטאנען.

מישן זיך זייערע בלוטן — —

וואו וועט דער ווינד א פלייט געפונען?

ווער וועט פאר אויפגעהענדיגע זון
א מארגן־ליד טשוויטשערן? . . .



און ווידער איז געוויטער אין מיין בלוט,
אנ׳ אנגעצויגנער רעגן־בויגן הענג איך איבער מיר

א, זון!
א, זון!
קוש דיך איין אין מיר,
זויג דיך איין אין מיר, —
לאז מיך שטארבן
אנ׳אנגעצויגנער איבער דיינע ליפּן.

א, זון!
א פארבן שפע פלייצט אין מיר . . .

ס׳איז געוויטער איז מיין בלוט — —



טאנץ איך א דבקות־טאנץ
אין שעה׳ן פון אומעט,
אין שעה׳ן פון בטול־היש —
פון קאלטן שטילן עצבות — —

נעם איך מיך צוזאמן און געה א דבקות־טאנץ,
א חדוה־רקוד׳ל —
א טאנץ
פון „נפשי צמאה לך אלהים — —״
א טאנץ
פון „כל עצמותי תאמרנה — —״

— — — טאנץ איך איינגעקורטשעט,
מיט געפרעסטע הייסע ברעמן;
איינגעפלאכטן,
איינגעקנוילט,
מיט פארמאכטע פעסטע פויסטן,
טראג אין זיי דעם „סוד־הצמצום״!

טראג אין מיר דעם „סוד־הצמצום״!

— — — טאנץ איך
מיט אויפגעריסענע פלאמן־אויגן,
מיט צופראלטע פליגעל־ארעמס —
טאנץ איך קייגן „תפארת שבתפארת״

קייגן שכינה הקדושה —
א חסידים־ראד קייגן שכינה־הקדושה
מיט צוכראסטעט אפן הארץ —

א חסדים־ראד, —
א דבקות־טאנץ!

טאנץ איך מיין דבקות־טאנץ
מיט צוכראסטעט אפן הארץ — —
— — — — — — — — — — —

בין איך ביים ברעג שטעהן געבליבן!
שווימען קאן איך נישט;
איז קיין לוטקע פארהאן —

בין איך ביים ברעג שטעהן געבליבן, —
ווארטן אויפ'ן זומער,
טרוקנט ער ס'טייכל מיר אויס;
ווארטן אויפ'ן ווינטער,
ווארפט ער א גלעזערנע בריק מיר אריבער;
ווארטן אויפ'ן הייליגן,
פאר זיין שטעקן
לויפן וועלען הינטער־ווײַלעכס צוריק —

בין איך ביים ברעג שטעהן געבליבן —
לערנען וועלען מיך
שווימען פון ברעג צו ברעג
און שפייען אויף ברעגן;
לערנען פישלאך מיך
לעבן און טאפּיען
און טאנצן אינ'ם טאפּיען;

בין איך ביים ברעג שטעהן געבליבן
און וואַרף מיך א בריק
איבר ים און איבר יבשה . . .



## XXII

ס'האבן די וועלען
מיך ברויזן געלערנט
און שטורמיק צו זיין,
צו קאנען פארלאכן
טאג־טעגליכע פיין —

זיך קאנען פארמעסטן
צום פעלזן צום גרעסטן
און ווערן צושמעטערט —
און ווידער געקלעטערט!

און ס'האבן די פעלזן,
די סקאלישע ריפן,
מיך שווייגן געלערנט;
ליידן און ליידן
און פרעסן די ליפן . . .



נישט פון צין, נישט פון בליי —
פוןביין און פלייש,
און א פארעם
אויס מיינע ביינער געשניצט!

פעסט אין מיינע פויסטן
איבער אלע פלאמען מיך געהאלטן,
ביז טראפ פאר טראפ
איז פארעם צוטריפט — —

פון בלוט און מארך
און מיט נאגעל־הויט איבערצויגן,
און אזוי
ביז איבער די קניהען אין אש
געגאנגען . . .
געגאנגען . . .

איך אליין מוז רייפן מיין ווייץ! –
זיין מיין רעגן,
זיין מיין זון — —

קיינער וויל מיר שניידן העלפן,
קיינער וויל מיר בינדן העלפן —

קלעטער איך
אויף שווארץ צוריטעלטע חשון־בוימער,
מיינע רויטע עפּעל רייסן,
מיינע רויטע קארשן פליקן — —
— — — — — — — — — — —



אייגעגראטשט זיך
אין צוויי באהארטע מיינע ברוסטן;
איינגעפלאכטן
אינם קאלטן פון מיינע לאקן;
און —
אז דערטרינקן,
איז אין ווילדן שורג
פון מיינע בלוטן!
און אז פאלן,
איז —
איך מיט מיר
אין לעצטן ראנגל!

צוויי געשארפטע מעסערס איןביידע הענט
און א וועג זיך געשניטן —
ימ'ן מיטן קאפּ געשפּאלטן,
מיט ציין הימלן געריסן — —

א מעסער־שארף
די ברייט פון מײַן וועג!

צוויי געשארפטע מעסערס,
און דורך מײַן הארץ געגאנגען —
און גרויס ווי מײַן אויפגעריסן הארץ!..

נישט וואגן זאל קיינער
אין מיין קדשי־קדשים צו קומען,
וואו שאטנס שווארץ בטליתטע,
טוען שטילע עבודות,
כורעים פאלנדיק און שארכנדיק.

נישט וואגן זאל קיינער
פאר מיין כסא־הכבוד צו פאלן,
וואו איך,
אן אל־רחום־וחנון,
ליג איבער מיין טרערן־בעקן
און קיל מיינע הייסע שלעפן,
וואו איך,
א נוקם ונוטר,
קראץ די הויט פון מיין לייב
און מיינע ווייסע צבאות־לאקן
ליגן מיר צופוסנס . . .

נישט וואגז זאל קיינער — —



דיר, וועלט,
מיט אויסגעשטרעקטע קופּערנע אָרעמס,
מיט אויסגעשטרעקטע צעגליטע אָרעמס,
געהער איך — —

אין דיינע אָרעמס
פרעגלען זיך מיינע געהירן
אין שמאַלץ פון מיינע נירן —
פאַר דיר!

דורך לעכער פון יאָגנדיקע רעדער
זע איך דיך;
אין יאָגן פון געשוואָלענע פיס
הער איך דיך,
און בלייב ליגן, אַ צוזאַמגעבראָכענער,
אַ קניענדיקער פאַר דיר,
אין שפּאַלטן פון איינצעלנע רגעס:

דיר, וועלט, געהער איך —

אין מיין אומרייינקייט,
האָסטו דיך אַנטפּלעקט צו מיר,
און אין דיינע אויסגעשטרעקטע אָרעמס
זיינען מיינע נירן און געהירן
אויפגעגאַנגען אין ליבע צו דיר.

אין מיין ריינקייט, וועלט,
אומפאס איך דיך!
אין מיינע אויסגעשטרעקטע ארעמס,
אויסגעשטרעקטע ביינער — —

קלויסטער־טורעמס,
פאבריקן־קוימענס,
און מיין הימל איז דורכגעריסן,
מיין בלוי אין רויך פארפלאנטערט —

קלעטערן מיינע אויגן צום קרייץ ארויף
און געשפּיזט זיי בלייבן
אויף א געשארפטן בליץ־אפשלאגער.

קלויסטערס,
פאבריקן,
און מיין הארץ דרעקסלט זיך
אויף קאלטע אייזן־בוירערס —

א רויטער קרייץ — —

װעלט, מענטש, װילן, ליבע — —
און איך בין געטריבן פון װעלט צו װעלט
פון װילן צו װילן,
פון ליבע צו ליבע!
יעדע רגע געלע װעלקונג,
גרויער שטורעם,
װײַסע קרירה;
יעדע רגע רויט צעקנאספּעט,
גרין צעבליט,
בלוי צעשטראלט.

װעלט, מענטש, װילן, ליבע —
און איך,
געהילט אין טלית פון צער,
װיקעל מיך, װיקעל מיך
דורך װעלט,
דורך מענטש,
דורך װילן,
דורך ליבע,
און טראג אין פאלדן פון מיין טלית
זון און שטורעם,
זון און שטורעם — — —

מעג וועלט איר קאפעטע געשמידטע
אויף איינגעפאלנע ברוסט מיר לעגן,
איך כארכל מיין ליד איר אויס — —

וועלט, ביסט גערעכט,
ביסט געקאוועט,
אין פלאמען און וואסערן געקאוועט,
ביסט שטארק —
קלאפ פונקן פון מיר אויס!

און וועט וועלט איר פויסט
א בלוטיקע אין פיסק מיר שטופן
וועלן מיינע אפלען
א הימנען איר ריימען — —

וועלט, א וועלט,
קלאפ פונקן פון מיר אויס,
רויטע ריטמען צו דיין ליד — —

װאוינען מענטשן אין אלע די הייזער,
מענטשן װי דו,
װי איך — —
און אז װעלט האלט גאנצע טעג זיי
אין אירע אייזן־פארזשאװערטע ארעמס
און פון זון־אויפגאנג
ביז אונטערגאנג
בלוטיקן זיי פון מזרח ביז מערב,
פארבן אלע בערגער רויט —
קומט דאך אװענט,
און צװיי און צװיי
עפנען זייערע חדרימלעך
און שלאכצן און לאכן
ביי אויסגעלאשענע לאמפן
קושן אויס זייערע צעפליישטע לייבער
ביי אנגעצונדנע אפלען — — —

װאוינען מענטשן אין אלע די הייזער
פול געפאקטע הייזער
מיט צער און מיט ליבע — —

אפשר איז א קליינטשיק חדרל
פאר מיין צער ערגיץ דא —
זע מיינע ארעמס,
װי צעפליישט זיי זיינען!

אפשר איז ערגעץ א שטיבל פאראן
א קליינטשיק, קליינטשיק בעטל,
א ווײַס איבערצויגענס — — — — — — — —

וואוינען מענטשן אין אלע די הייזער
פול געפאקטע הייזער
מיט צער און מיט ליבע —
וואו אהין זאלן מיר אונזער צער דערטראגן,
און מיט אונזער ליבע וואו אהין,
און די שראמען פון דיינע באקען,
וואו זאל איך זיי צעקישן,
נאך איידער ס'ווערט טאג,
נאך איידער ס'עפנט וועלט אירע ארעמס,
אירע אייזן־פארזשאווערטע ארעמס — —

אפשר איז א קעלער־שטובל
ערגעץ פאראן,
א בוידם־לאך,
א הארט פארשימלטער שטרוי־זאק
אפשר — —
אפשר — —

א־א־א, א־א־א,
לאמיר פולן וועלט מיט אונזער צער,
אויסגעלאשענע שווארצע וועלט
פארלאכן מיט אונזער צער!

צעגיסן אונזער ליבע
פון מזרח ביז מערב —
ביז זונען־אויפגאנג!

צעלאכן,
צעזונגען,
צעטאנצן
אונזער צער און אונזער ליבע,
ביז א זון וועט אויפשווימען,
א זון פון צער און פון ליבע,
פון צער און פון ליבע.

א־א־א, א־א־א,
וואוינען מענטשן אין אלע די הייזער
מענטשן ווי דו,
ווי איך,
און מיר ביידע פארטאנצן די וועלט
מיט זינגענדיקן צער
מיט זינגענדיקע ליבע
ביז זונאויפגאנג,
ביז וועלט עפנט אירע ארעמס,
און דאן טאנצן מיר דריי:
איך,
דו,
וועלט.
מיט צעבלוטיקטע — —
מיט צעפליישטע — —

מ̇יט אייזן־פארזשאווערטע ארעמס,
דאן טאנצן מיר ̣דריי:
איך,
דו,
וועלט — —

האב איך א ברויט,
א בעט,
א בוך צום לעזן,
און ווען ס׳הארץ אוועקצושענקי
האב איך נישט.

זעץ איך מיך אויפן בעט אנידער,
אין איין האנט ס׳בוך,
אין צווייטע
א שטיק ברויט,
און קיי און לעז,
און קיי און לעז —
אוי ווען זאל איך ס׳הארץ אוועקשענקן?

זאל איך אין גאס ארויסלויפן
און טרעפן,
און טרעפן ווען ס׳איז
און זאגן אים,
און בעטן אים:
„קום מיט מיר,
קום מיט מיר, —
איך האב א ברויט,
איך האב א בעט,
איך האב א בוך"
און זאגן:

„איך האב —
איך האב
א פולס,
א פול, פול הארץ;
קום מיט מיר,
קום מיט מיר" ?

נו,
נו, —
איך פלעג דאך דאס,
און געטראפן,
און געבעטן,
און געעפנט,
און געשענקט . . .

נו,
נו, —
איז בלעטערדיקער מיין הארץ,
איז אנגעשריבענער
און פולער און פולער געווארן . . .

נו,
נו, —
האב איך א ברויט,
א בעט,
א בוך;
און מארגן,

און איבערמארגן,
און אייביק,
און אייביק ? — —

I

איבער אויסגעלאשענע קאלטע קניען
האבן מיינע ביינער
צעצאפּלט אין א קללה,
צעצאפּלט אין א געבעט,
און געבליבן ליגן
א גרינג ביסל גרוי אש
איבער אויסגעלאשענע קאלטע קניען,
א גרינג ביסל אש
אויף אויסגעלאשענע וואקסענע קניען . . .

II

גייען צוויי פיס אין גאסן,
בלאנדזשען צוויי אויגן פאר זיי —
וואוהין גייט איר מיינע פיס ?
וואוהין בלאנדזשעט איר מיינע אויגן ?

פול איז די וועלט מיט שטיינער,
און פון מאנכע געטשעשעטע
מאכן פעסטע הענט
הייזער פון זיי.

איז אזא הויז בין איך געבוירן געווארן !

װאָהין בלאָנדזשעט איר מײַנע פיס?

הײבט אַ שטײן אויף אין די װעלט,
הענט מײַנע שװאַכע!
רײסט אַ שטײן
אָװאו אין װאַנט,
און האַלט אים,
און װאַרפט אים,
און פאַלט מיט אים!

װאָהין בלאָנדזשעט איר מײַנע פיס?

אויף די פלייצעס ארויף געדראפּעט,
און פארשליידערט ווייט די קולעס —
איינגאנג?
אויסגאנג?
און אויף שטאלצי כאטש געקראכן!

„הו־הא, הו־הא" —
מיט די קולות מיטגעשריגן,
און געקלאפּערט מיט די שטאלצן,
און געטראסקעט מיט די קולעס!

„הו־הא, הו־הא" —
און געטראסקעט
און געדראפּעט
און געקראכן
און געקלאפּערט!

„הו־הא, הו־הא" —
איז עס איינגאנג?
איז עס אויסגאנג?
איבער טויערן,
איבער פּלאטן,
און דורכן שליסל־לאך געקראכן!

„הו־הא, הו־הא" —
מיט די קולות מיטגעשריגן
און געקלאפּערט מיט די שטאלצן
און געטראסקעט מיט די קולעס — — —

## וואלדי *)

אגרינע שמחה איז אויפגעגאנגען אין מיר
צעקנאספּעט אין שטראלן־פּלעטשעז —
מיין יעטוועדער מוסקל,
יעדעס אטאם־חלקל
ציטערט פאר שמחה.

א גרינע שמחה איז צעבליט אין מיר!
מיט זון,
מיט בלויען קטורת,
מיט גרינעם צוויטשער בין איך אויסגעפּולט!

צעפּלאסענע הימלען בלויען אין מיר!
הימלען, לאנקעס, וואלדי — — — — — —
— — — — — — — — — — —

וואלדי,
ווי דו, האב איך אויך געקאזשלעקעוועט,
געלעקט און אקייגן געטאנצט
ביז מיין ליבע,
ביז מיין שטומע טריישאפט
האט אין מיינע אפּלעז אויסגעטרוקנט.

*) א הונט.

וואלדי,
אויף ווירוואר־וועגן אויסגעטראטענע,
זיבן־פאכיק געטורעמטע,
האב איך אונטער אספאלט צעגליטי
א בלומל געזוכט,
ליבע —
אין אויגן באברילטע,
און פאר יעדן פענסטער
האט מיין הארץ געפאכט.

וואלדי,
פון וואנען איך קום,
דארט פאלן פויגעלעך
פארחלשטע צו דרערד,
נאך אויבן אין הימלען
זיי ווערן פארטשאדעט
אין מיטן א טרעל,
און אונטן —
אויףווירבעל־וועגן צעגליטע
פון פארחושטע בלאנדזשער
דערשטיקטע צעטראטן.

הימלען, לאנקעס, וואלדי!
איך בין א פעלד, א געררייפטעס;
א ווילדער שמעטערלינק
א פארבי־פלאטערדיקער.

איך בין א בלויער פויגל
מיט א רויטן שנאבל!

וואלדי, וואלדי
א גרינגע שמחה איז אויפגעגאנגען איז מיר
מיינע אויגן שפּרודלען ווי דיינע
שטומע טריישאפט
און שטומע ליבע —

איך טאנץ קייגן לעבן,
איך טאנץ קייגן וועלט —
א שטומע ליבע איז אויפגעגאנגען אין מיר!

ווער מיר וועלט,
וואס מיר וועלט —
און אז קיינער וויל נישט,
און דו אויך נישט,
איז —
בין־איד־מיר!
בין־איך־מיר!

ווער מיר וועלט,
וואס מיר וועלט —
משוגעים־טאנץ,
שכור־געוואקל,
מאגן־קראמף
און אויגן־בלינד!

ווער מיר וועלט,
וואס מיר וועלט —
לינקע און רעכטע
אין שבועה געשנאלט:
לינקער און רעכטער
איבער אלע געשפאנט —

ווער מיר וועלט

וואס מיר וועלט —
ווער מיר דו,
ווער מיר איך — —

לויף איך לעבן פארביי,
וואקלדיק און הינקנדיק,
אין פארשידענע קאסטימער,
און מאסקעס אלערליי —
לאך אין זיין פענסטער
מיט משוגענע הוועיות, פון אונטער א פאיאץ־היטל,
שטיי, א פארוויקלטער, אין בטלן־כאלאט,
פאר די שפאלטן פון זיין טיר,
און לאך אין ברייטע בטלן־ארבל.

לויף איך לעבן פארביי,
וואקלדיק און הינקנדיק,
מיט א לאך און מיט א מרוק — —

בין איך דיר אקייגן געפלויגן —
א נאקעטער,
אויף רויטע ליפן
א הארץ דיר אקייגן געטראגן —
כא־כא־כא!
האסט אין פינסטער ווינקל מיך געדושעט,
מיט שווארצע גראטשעס מיך ביים גארגל געפאקט —
כא־כא־כא!
לאכט א פאיאץ־היטל אונטער דיין פענסטער,
לאך איך דיך אויס אין ברייטע בטלן־ארבל.

מיט כבוד און ליבע מיין
פריינט דר. עליאשעוו (בעל
מחשבות) צו זיין 25טן יובל.

I

אזוי פארגייען מיינע טעג,
אזוי פארגייען מיינע נעכט —
אויף א קופּע געלע שארבנס;
זונען־שארבנס,
לבנה־שרבנס,
זיץ איך, א יונגער איוב,
און קראַץ מיט זיי מיין צעייטערט לייב . . .

פריינט קומען און גייען — —
ווייבער קומען מיט אייל און זאלבן
און שענדן גאט אין העלן טאג,
און שענדן גאט אין האלבע נאכט,
און טעג פארגייען,
און נעכט פארגייען,
און די קופּע וואקסט.

אזוי פארגייען מיינע טעג,
אזוי פארגייען מיינע נעכט,
און זונען מערן זיך צעבראכענע,
און לבנות מערן זיך צעבראכענע,

ביז — —
ביז — —
אזוי זיץ איך א יונגער איוב . . .

II

וואזשע טוט מען מיטן טאג,
וואזשע טוט מען מיט די נאכט —
וועלט האט דאך קיין ווינקלען,
צו לויפן פון ווינקל צו ווינקל
און קיין גראטעס,
זיי צו רייסן — —

וואזשע טוט מען מיטן טאג,
אז מ'האט פארברענט נ'האלצערן האמער,
אויף די רויטע טאץ צו פויקן.

וואזשע טוט מען מיט די נאכט,
אז מ'זיצט אליין אין שליטן,
און פון ווייטן,
און פון ווייסן, וויסטן ווייטן
הילכט א לעצטער לצים־לאך!

!היי ברודער
!היי ברודער
ס'ליגט די פּעטלע אויפן נאַקן,
און דער גרוב אליין צעגראבן —

וואָזשע טוט מען מיטן לעבן,
אַז פונם גאַלגן איז אַ מאַסט געוואָרן
און דער ווייסער פלאַטער־זעגל,
?איז פון סובות אויפגענייט

!היי ברודער
!היי ברודער
וואָזשע טוט מען מיטן לעבן — —

## דאס שליסעלע.

כ'האב מיך פארשלאסן אין מיין שטיבל:
כ'האב מורא פאר מענטשן,
כ'האב מורא פאר גאס,
האב איך די טיר פון מיין שטיבל פארשלאסן
פאר לעבן און פאר וועלט —

דעם שליסל דורכן פענסטער געווארפן:

כ'האב מיך פארשלאסן אין מיין שטיבל,
און דורכן שליסל־לאך
כשופט לעבן און וועלט,
זונות טאנצן,
שווערדן בלאנקן,
און לעבן בושעוועט איף אלע פיער . . .

צעשמעטערט איינזאמקייט די טיר,
לעבן רייסט די זאוויאסעס,
און מיט ציין ציט וועלט נ'סקיבעל — —

און געפירט פון זונות צוויי,
מארשיר איך דורך,
דורך בושעוונדיק צעטאנצטן לעבן
צווישן שווערדן און האמער־געבוזענט,
צווישן גלאק און גאלד געקלאנג . .

. . . אויף א מזבח אנ׳אלטן,
פון כמה דורות שוין אויסגעלאשענעם,
געפינען מיר א שליסעלע דארט ליגן,
אין אש פון פארברענטע קרבנות.
און די זונות זאגן וואס זיי ווייסן:
ס׳איז דאס שליסעלע פונם גן־עדן־התחתון,
ס׳איז דאס שליסעלע
פון בת־מלכה־פאלאץ מיט זיבן טירן,
ס׳איז דער שליסל פון יונג־לעבן־טורעם —
און דער מזבח ווערט פריש באגאסן,
מיט זודיק מענטשן־בלוט.

— — — און איך דערקען דעם שליסל;
ס׳איז מיינער, מיינער,
פון מיין אויסגעבראכענעם טירל,
אן זאוויאסעס, אן סקיבעל,
איך דערקען די מיינע —
ס׳איז די שווארצע מיין שוועסטער,
די בלאנדע מיין געליבטע,
איך דערקען אלעס, אלעס — —
איך טו דעם שליסל א קְמעה מיר אן
און גיי זוכן דעם וועג
צום גן־עדן־התחתון,
צום בת־מלכה־פאלאץ מיט זיבן טירן,
און זוך דעם וועג
צום יונג־לעבן־טורעם — —

שטייט גאנצע וועלט מאדעל פאר מיר,
אז אויסגעטרענע,
א נאקעטע,
און איך האב קיין בלאט, איר ערווה צו פֿאַרדעקן;

אלע בלעטער וויאנען! — —
שטייט נאקעטע וועלט מאדעל פאר מיר —
גרין און גיפטיק קורטשען זיך אדערן,
מוסקלען פויסטן זיך,
מיליארדן, מיליארדן בליקן —
אויסגעמישטע,
צעבראכענע,
צעביילטע
און די גלאצע וואקסט — —
און דער שטערן קארבט — —

שטייט גאנצע וועלט מאדעל פאר מיר,
א נאקעטע,
און איך ליג צוגעפאלן צו אפענע ערווה אירע — —
— — — — — — — — — — —

ווי גרוילט עס, אין אייערע שטובן צו קומען,
זיך טרעפן אויג אויף אויג
מיט אייך און אייער מאן,
מיט אייך
און אייער ווייב —

ווי גרוילט עס, זען בארנדיקע זיך מיט ליבע,
און טראגן די לאסט,
און טראגן די לאסט.

און אין גאסן געטראפן —
געארעמטע, געארעמטע,
און מיט העמדער צוויי פרעמדע,
זוכן גליק,
און וואַרפנס פון זיך,
ווי גרוילט עס!
ווי גרוילט עס!

ווי גרוילט עס, זען בארנדיקע זיך מיט ליבע,
און טראגן די לאסט,
און טראגן די לאסט.

מאך נאך האלבע נאכט
מיט די לבנה א שפּאַציר;
קוק דורך דינע לאדן־שפּאַלטן
אין די פאַרדומפּעצטע מענטשן־שטייגן;
קוק — —
ווי איר פּנים, וועט דיינס זיך שרומפּן;
ווי אירס —
דיינס בלאַס ווערן;
וועסט וואַלקנס זוכן,
שוואַרצעסטע און דיקסטע,
צו באַהאַלטן דיך אין זיי —
א מקום־מקלט ערגעץ כאָטש געפינען!
וועסט פאַרן מאָרגן־שטערנס קומען,
דיינע אויגן אויסגראַטשן,
ווי די לבנה
דיינע אויגן אויסגראַטשן —
די מענטשנס ביי טאָג נישט צו טרעפן.

א פולע שטאט מיט גרויסע הייזער,
מיט צעבראכענע גאסן
צעזאמען געדראטעוועטע,
און די מענטשן —
קוקן זיך אין די אויגן נישט אריין,
און די מענטשן,
זיי מיינען:
דאס פארציט יעדער זיין דראטן־לאפקע,
און א יעטוועדער
ראטעוועט זיך אין זיין לאפקע,
און א יעטוועדער
צאפלט אין זיינע פארצויגענע דראטן . . .

א פולע שטאט מיט גרויסע הייזער
און מיינע גרויסע אויגן
שרייבן זייערע נאטן
אויף געדראטעוועטע גאסן:
און געבויט ביסטו
פון אונטערגעהאקטע בוימער,
און געפלאסטערט איז דיין וועג
פון אויסגעבראכענע שטיינער,
און ווי קאנסטו זיין
נישט אונטערגעהאקט,
און ווי קאנסטו זיין
נישט אונטערגעבראכן,

און דו,
אז דו באהאלטסט דיינע אויגן,
אז דו שפּינסט דיינע דראַטן,
ווי קאָנסטו אנדערש מיינען,
ווי קאָנסטו אנדערש מיינען — — —
— — — — — — — —

אז א פערד איז געפאלן,
ווער ציילט די בייטשן אויף זיין רוקן —
מאי כלו האי!
א פערד איז געפאלן — —

קומען שינדער;
וואס מער בייטשן
אלץ לייכטער שינדט ער . . .

און די הינט רופן זייערע הינטיכעס,
און זיי לעקן,
און באלעקן איינער נ'צווייטן — —

מאי כלו האי,
א פערד איז געפאלן . . .

דייטשער נאוועמבער 1923.

אסטמא־שווער אטעמט אין נעפל —
רויט צעמאלט פאלדעוועט און פלאטערט —
און א בלייכע מחנה פאלדעוועט און פלאטערט נאך...

אסטמא־שווער אטעמט אין נעפל —
און פאר איינעם א נומער אין גאס
שטעלן זיך שווער
צוויי מאטע פיס:
גראבע ווייבער טרינקן דרינען מיט.

גראבע ווייבער לאכן אויס די העלדזער,
און דער נעפל קלינגט אסטמא און שווער...

מיט אנ׳אויסגערונען פערטיש אויג
פינטלט די זון!..

האלצריק קומט א בת־קול פון אונטער פיס,
רויט און געלאמעוועט בלאנדזשען אויגן:
מאנכע און מאנכע
שלעפן זיך אויף טראטוארן,
אויגן און אויערן אין היטלעך פארשטעקט...

האלצריק קומט א בת־קול פון אונטער פיס —

און פאר א האריץ און פאר א דארן,
אויסגעמאלט אויף א ברעט,
קניען צוויי פרומע פיס,
צוויי פרומע אויגן מאכן זיך צו.

מיט אנ'אויסגערונען פערטיש אויג
פינטלט די זון . . .

## קריסט-בוימער.

ירידים,
וואו שקלאפן פארקויפן זייערע בלוטן,
און שפחות —
זייער מארך און זייער מילך — —

עבדות און שפלות
אינם קלינגענדיקן „הו־הא" פון קופערנע מטבעות!

ירידים,
און טרוימען און צילן
ליגן צעטראטענע אין בלאטע — —

וואו זיינען די קייטן,
וואו זיינען די קנעכטישע לייבער,
צעפליישטע,
און די זיפצן זייערע וואו זיינען,
שטאלענע זיפצן
וואס פארקלינגען די רינגען!

ירידים
אן רציחה, אן זנות;
פול אונטערגעזעגטע טאנען־בוימער —
הייליקע ירידים, צו קריסטוס געהייליקט!

וואו זיינען העק
און לאמען געשלייפטע,
וואס פלעטן מוחות
און מישן גאל מיט נירן
מיט מארקישע בלאטעס — —

ירידים,
שקלאפישע ביינער
און דם התמצית בלוטן,
צו קריסטוס געהייליקט!

ירידים — —

מיט רויט געלאמעוועטע אויגן
קוקן ציגל אין מיין פענסטער,
און ס׳לעבן זומט אויף מיינע שויבן —
א שטאלענע זלידנע פליג
פארן שטארבן — —

מיין קאפ ליגט צווישן מיינע פויסטן:
״אזא זלידנע גלאנציקע,
אזעלכע דינע פליגן־פליגעלעך״ . . .

מיין קאפ זומט צווישן פויסטן,
און מיינע אויגן
קוקן רויט און געלאמעוועט.

א גולם,
א בו־ץ אויף צוויי קרומע פיס,
קוק איך אויס טיפע אויגנלעכער —
דורך גלעזערנע קעלבער־אויגן,
אונטער א גראב געקארפטן שטערן,
קוק און זע:
גארנישט,
גארנישט . . .

שטעל איך מיך אויף קלאען־שפיצן,
אויף שווארצע קעלבערנע קלאען־שפיצן,
שטרעק א לאנגען גסיסה־האלדז
און זע,
און זע:
א פאשע,
אנ׳אויסגעפרעסענע, גרינע פאשע,
און הער:
גריזשען,
כראפען . . .

## א ו נ ט.

קו־קו, קו־קו !..
אנ׳ערשט געבוירן שטערענדל,
פינטלט אין די שטילקייט,
פינטלט,
שווייגט —

דארט צאפלט וואס —
א הארץ ?..
א געבונדענע קאץ ?..

קו־קו, קו־קו !..
א פארשפעטיקטער פויגל פלאטערט דורך...

... אונטער אנ׳איבערוואָרפענעם טלית
שטייט וועלט א געבוקטע,
און קלאפּט
על־חטא, על־חטא,
און ס׳פּאלט וועלט אין טלית צוזאמען...

קו־קו, קו־קו — — — —

מעת־לעתן,
מעת־לעתן —
ווען איז טאג,
ווען איז נאכט?

א בלינדער טורעם אין מיטן שטאט,
מיט א גלאטן ציפערבלאט — — —
— — — — — — — —

גלין־גלאן!
א לוויה?
א חופה?
גלין־גלאן! גלין־גלאן!
אז ס׳ברענט?
אז צי א זונטיק־תפלה?
גלין־גלאן! גלאן־גלין! גלין־גלאן! גלאן־גלין!
און אז גאט ווערט געבוירן — — —
— — — — — — — —

א גרויס רחמנות נעמט מיך ארום,
אנ׳עקעל,
א קנאה,
און איך בין איינער פון אייך —
א געהעצטער לעמפערט
אין ארומגערינגלטע דלת־אמות . . .

מענטש, מענטש,
מיר זיצן אויף די אלט געהובלעוועטע באנק —
צעטרענען און זדריגעווען,
צעטרענען און זדריגעווען
דעם אלטן זאפאסנע שינעל —

און וואס זאל מען מאכן אויס אים?

. . . מען זאגט,
דער מאן פון נצרת האט אים געטראגן;
די מלכה־שבא,
ווען ז׳איז פאר שלמהס טראן געקומען —

אנ׳אלט צעלעכערטער זאפאסנע שינעל!

מען זאגט,
ערגעץ זיינען ברעגעס פאראן,

זאל אזא פלאקס דארט וואקסן,
אזא פלאקס — —
פון אים האט מען נאך קיין אפוד געשפונעז,
קיין פארהענגל
צו א זונה־קעמערל געמאכט.

מען זאגט,
ערגעץ זיינען אזעלכע ברעגעס פאראן,
און דארטן זיצן מענטשן אזעלכע — —

ס'האט א מאמע מיך געטראגן,
ס'האט א טאטע מיך אויסגעטראכט,
און מיין אויסגעטראכטער,
וועט זיצן דא מיט נאך אזעלכע
און נאך אזעלכע,
און ווידער צעטרענען,
און ווידער זדריגעווען,
און טראכטן אפשר פון יענעם מאן,
און טראכטן אפשר פון יענע ברעגעס — —

א גרויס רחמנות נעמט מיך ארום,
און איך בין איינער פון אייך,
זיצער אויף אלט געהובלעוועטע באנק. . .



שוועסטער,
א גרויע וועלט ווארט אויף דיר —
רויט פארשלאסענע קלויסטערס,
אן גלעקער,
אן צלמים —

אויס גאטישע פענסטער, אויסגעבראכענע,
שלאגט א ריח פון טויטע מכשפות.

גרוי, גרוי, גרוי —
און דו מיין שוועסטער, איינע, איינע,
און דו מיין שוועסטער, איינע, איינע —
נישטא פאר וועמען מתוודה זיין,
נישטא פאר וועמען א הארץ צו עפענען;
גרוי, גרוי, גרוי . . .

שוועסטער,
פון הארץ, פון דיינעם,
האק א שטיין דיר אויס;
בינד דיין איינציק ברוינעם שעפּס,
דיינע ווייסע טויבן שחט אויף אים,
און גיי דורך וועלט, דורך גרויע,
מיט ווייררויך צווישן דיינע ברוסטן,
אנגעצונדענע הייליקע לעמפּעלעך צוויי

ורכן איינזאמען קלוידסטער,
קלויסטער פון אלע קלויסטערס — —

אויף אלע ווענט הענגען קרייצן;
אויסגעשיילטע שדרות,
שטערנס, גענאגלטע,
בויג דיין קניענדיקן שטערן פאר זיי,
פראל דיין געפלאכטן הארץ פאר זיי,
בעט פאר זיי,
בעט צו זיי,
שפרענק דיינע בלוטן איז אלע ווינקלעי,
זיי מתוודה פאר יעדן,
אלע ברויכן דיינע תפלות,
אלע ברויכן דיינע טרערן!

קריצט אונזער צייט
די מעשים אירע,
אויף אויסגעשיילטע מענטשו־ביינער.

לעזנדיק,
וועט דער קומענדיקער דור רונצלען
און מיט פחד
מישן די בלעטער —

בלעטער פון נייע כתבי־קודש,
געשריבן אויף אויסגעשיילטע מענטשן־ביינער...

אויף אלע בערג האב איך ווינטמילן געשטעלט,
אין אלע טאלן —
קוואלן געגראבן;
דרייען מיינע מילן —
און מיין האבער מיכעצט אומגעדראשן;
שפּרודלען מיינע קוואלן —
און איך שטיי אויף אלע הויכע בערג
און שריי:
וואסער!
וואסער!

בערגער דרייען,
טאלן שפּרודלען,
און מיר שרייען,
און מיר שרייען . . .

## ווידוי.

ביין,
נישט ערגער פון דיר — בין איך,
ברודער מענטש;
רייטער אויף מיינע אקסלען,
שטומער זיפצער
אונטער מיין געפיילטן שפארן —

א פליגן־צעפרעסענער —
און אנ׳עק האב איך אויך!

מענטש,
ברודער דו,
א שמיץ און א זדריגע,
א שמיץ און א זדריגע,
און געקייעט אין ניקל,
און געקייעט אין ניקל!

און אז מתוודה זיין —
קום,
וועלן מיר דריי אינײנעם,
וועלן מיר במזומן אינײנעם:
איך זעקספיסיקער —
האב צוויי פאר שפארן,
צוויי פאר בייטש
און מיט צוויי, צו לייגן צום אין מויל.

און וואס איך זאל נישט זאגן,
וועט עס נאר ווערטער זיין.
און וויפיל איך זאל נישט שווייגן,
וועט עס
פארשוויגענע ווערטער נאר זיין —
און דא אזויפיל מענטשן,
און אלע מיינען אז זיי לעבן — —

וויפיל הייזער, אזויפיל שטיבלעך,
און אין יעדן שטיבל א בעט,
און צוויי מענטשן אין יעטוועדן בעט,
און איז וויגל ווײנט
דער צער פון זייערע קומענדיקע טעג,
און אין וויגל שלאפט
די בענקשאפט פון זייערע פארגאנגענע טעג . . .

— — — — — — — —

ווידער און ווידער
שטורעם און לעצטער שטראַלז־אַטעם,
און איך בין הפקר —

אַ געקרייצטער וועג־ווייזער
אויף קרומע וועלטן־ראַגן!

ווייז אויף צפון,
ווייז אויף דרום
און בלייב גענאַגלט,
הפקר צו אַרבע־רוחות־וועלט . . .

ווידער און ווידער . . .

און וואַנעס שרייען
זייערע עשרת־הדברות
פון מיינע פּלייצעס אַרונטער:
„רצחע, גזלע, נאוף!
און גאַט? —
אים האָבן מיר שוין צעפּרעסן" — —

און איך שטיי גענאַגלט,
אַ געקרייצטער וועג־ווייזער,
אויף קרומע וועלטן־ראַגן . . .

גיסט אנ׳אייביק געבעט אין מיטן וועלט
צו קיינעם,
צו קיינעם
און צו אלעם און אלץ —
צו יעטוועדן באזונדער!

ווי די שווארצקייט צוקאפּנס
ליגן שטיל אפּענע אויגן
נאך האלבע נעכט;

ליגן פארמאכטע אויגן
אין העלן טאג
אין מיטן וועלט:
„א, אלץ!
א, אלץ!"

און פון די שווארצקייט פון צוקאפּנס
קומט ווי א טוי איבער פארברענטע אפּלען . . .

„א, אלץ!
א, אלץ!"
גיסט עס פון אויפגאנג ביז אויפגאנג,
פון אונטערגאנג ביז אונטערגאנג
צווישן הימל און ערד . . .

אלע מיינע יונגע יארן
זיינען ארויס אויפן וועג,
וואס פירט צו דיר.

זיי ליגן איינגעקאלכטע מיילן־שטיינער
אינמיטן וועג —

מיט גרויס אנגעשריבענע ציפערן !..

אלע פארבייגייער,
וואס גייען צו דיר,
קלאפן אן זייערע פארשטויפטע פיס
אין מיינע ווייס־געקאלכטע שטיינער —

ביי יעדן קלאפ
גיט מיין יונג הארץ א צאפל.

אלע מיינע יונגע יארן
זיינען ארויס אויף דיין וועג,
אלע מיינע איבעריקע
גייען באלאדענט מיט שווערע שטיינער —

אויף מיין לעצטן ווייס געקאלכטן
וועט א פרעמדע האנט שרייבן דעם ציפער — — —

אינמיטן וועג
אונטער מיין לעצטן ווייסן שטיין
וועט אייביק צאפּלען מיין הארץ
פאַר יעדן פאַרבייגייער,
וואָס גייט צו דיר.

## תיקון־טעות·

זייט 57 שורה 13 אויגן־בלינד בעדארף זיין אויגן־בלענד
„ 67 „ 12 צעביילטע „ „ באבעלמטע
„ 68 „ 11 העמדער „ „ הענט

# אינהאלט

פ א ר ל א ג / ש מ ש / ל י י פ צ י ג

אין דערזעלבער צייט איז ארויס א באנד ליבע־לידער:

א. נ. ש ט ע נ צ ע ל

# „זוך איך דיך...“

Verlag / Schemesch / Leipzig

